## מיט אַ נאָז און אָן אַ נעזל

װען קינדער טרינקען מילך
פֿון אַ גרױסער גלאָז,
װאַקסן זײ געזונט
מיט אַ שײנער נאָז.

װען קינדער טרינקען מילך
פֿון אַ קלײן גלעזל,
װאַקסן זײ
מיט אַ קלענער נעזל.

װען קינדער טרינקען נישט
קײן מילך
פֿון קײן גלאָז
און ניט פֿון קײן גלעזל

זײנען זײ גרינגער
פֿון אַ גרעזל
און זײ בלײבן
אָן אַ נעזל.

## אַ קראָם



איך גײ אַמאָל
אין גראָסערי קראָם,
קױפֿן מילך און ברױט,
קױפֿן עפּל און קרױט,
קױפֿן טײ און צוקער
און פֿרישע פּוטער.

# ווער בין איך?


דער בעקער

________ ________, באַק אַ בייגל,
באַק אַ קיכל, באַק אַ טייגל,
באַק אַ ברויטל, באַק אַ זעמל,
און פּאַרקויף עס אין דיין קרעמל.


דער סטאָליער

סטאָליער, סטאָליער, קום און מאַך
טישן, בענקלעך אַ סך,
________ ________, זעג און האַק
טראָגסט באַהאַלטן אין אַ זאַק.

שרייב אַריין די ווערטער:
(דער בעקער, דער סטאָליער)

1. איך באַק ברויט. איך בין
אַ ________
2. איך מאַך טישן און שטולן. איך
בין אַ ________
3. דער ________ באַקט ברויט.
4. דער ________ מאַכט אַ טיש.

# מיכל זוכט זײַן ביכל

גייט מיכל אין שול און פֿאַרלירט זײַן ביכל. זוכט ער דאָ, זוכט ער דאָרטן, און ער קען ניט געפֿינען. דאָס ביכל איז ניטאָ.

קומט מיכל אַהיים און זוכט זײַן ביכל. ער זוכט אויפֿן טיש און אונטערן טיש. ער זוכט אין שאַפֿע און אונטערן בעט — ניטאָ דאָס ביכל.

לייגט זיך מיכל שלאָפֿן און ער טראַכט וועגן זײַן ביכל. און אָט זעט מיכל — זײַן ביכל ליגט אין גאַס. דער ווינט רייסט די בלעטלעך. לויפֿט מיכל און לויפֿט און קען ניט כאַפּן דאָס ביכל.

כאַפּט זיך מיכל אויף און זעט, אַז זײַן קאָלדרע איז אויפֿן דיל. דעקט ער זיך צו און שלאָפֿט ווייטער.





אויף מאָרגן גייט מיכל אין שול אָן אַ ביכל. פֿרעגט דער לערער: „מיכל, וואו איז דײַן ביכל?"

זאָגט מיכל: „איך האָב פֿאַרלאָרן מײַן ביכל."

קומט צו אַ ייִנגל און זאָגט: „איך האָב געפֿונען אַ ביכל."

זאָגט מיכל: „דאָס איז מײַן ביכל, גיב מיר מײַן ביכל."

זאָגט דער ייִנגל: „פֿון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס איז דײַן ביכל?"

„אָט איז מײַן נאָמען אויפֿן ביכל", זאָגט מיכל.

ווי אזוי האָט מיכל דערקענט זײַן ביכל?

# לייזער דער בייזער



לייזער דער בייזער
איז געגאַנגען אין גאַס.
איז אַראָפּ אַ רעגן,
איז געוואָרן נאַס.

גייט לייזער דער בייזער
צוריק אין שטוב,
פֿאַלט לייזער דער בייזער
אַריין אין אַ גרוב.

## וואָס מיר טוען אָן



1. עס רעגנט. איך טו אָן קאַלאָשן און איך נעם אַ שירעם.
2. עס איז קאַלט. איך טו אָן אַ מאַנטל.
3. אַ ייִנגל טוט אָן אַן אָנצוג.
4. אַ ייִנגל טוט אָן אַ העמד.
5. אַ ייִנגל טוט אָן הויזן.
6. אַ מיידל טראָגט אַ קלייד.
7. די מאַמע טראָגט אַ הוט אויפֿן קאָפּ. דער טאַטע טראָגט אויך אַ הוט אויפֿן קאָפּ.
8. אַ ייִנגל טראָגט אַ היטל אויפֿן קאָפּ.
9. אויף די פֿיס טוען מיר אָן שיך.
10. אויף די פֿיס טוען מיר אָן זאָקן.

שטעל צו די ריכטיקע נומערן צו די בילדער

# אַ גנב (אַ גאַנעוו) Thief

## ווי לעמעד האַלט געלט

אַמאָל איז געווען אַ יינגל. איז ער געווען אַ נאַר. האָט מען אים גערופן לעמעך.

אַמאָל זאָגט אים די מאַמע: „לעמעך, גיי אין קראָם, קויף צוקער און טיי. נאַ דיר געלט, אָבער פאַרליר ניט דאָס געלט."

נעמט לעמעך דאָס געלט און גייט אין קראָם. גייט ער אין גאַס און האַלט דאָס געלט אין האַנט. און די האַנט האַלט ער אָפן.

גייט צו אים צו אַ גנב און פרעגט: „פאַרוואָס האַלטסטו דיין געלט אָפן אין האַנט?"



ענטפערט לעמעך: „איך קוק אויפן געלט, איך זאָל עס ניט פאַרלירן."

זאָגט דער גנב: „דו ביסט אַ קלוגער יינגל. וואָס איז דיין נאָמען?"

זאָגט לעמעך: „מען רופט מיך לעמעך."

זאָגט דער גנב: „איך וועל דיר העלפן טראָגן דיין געלט, לעמעך."

גיט אים לעמעך אַוועק דאָס געלט.

גייען זיי און גייען און דער גנב זאָגט: „וואַרט דאָ אַ ביסל. איך וועל באַלד קומען."

שטייט לעמעך און וואַרט, און וואַרט און דער מאַן קומט ניט. גייט ער זוכן דעם מאַן און קען אים ניט געפינען.

גייט שוין לעמעך אַהיים. פרעגט אים די מאַמע: „לעמעך, וואו ביסטו געווען אַזוי לאַנג?"

דערציילט איר לעמעך וועגן דעם מאַן און דאָס געלט. זאָגט די מאַמע: „וויי איז מיר, וואָס פאַר אַ לעמעך אַ זון איך האָב."

# אַ טאָג מיט אַרבעט

דער פרי



ט די ציין

אין דער פרי



פאַרקאַמט זיך

פרימאָרגנס קומט די זון צוגיין;
צייט פאַר סעמין אויפצושטיין.
סעמי דאַרף זיך אָנטאָן גיך,
דער פרישטיק קאָכט זיך שוין
אין קיך.

בייטאָג



פילט באַל

בייטאָג





גייט אין שול

סעמי וואַשט זיך, פּוצט די ציין,
אַ גוטער ייִנגל דאַרף זיין ריין.
איצט אויף שנעל זיך נאָך פאַרקאַמען,
ער זאָל אין סקול ניט פאַרזאַמען!

בייטאָג



סט מיטאָג

אין אָוונט



טוט היים-
אַרבעט

## גוט מאָרגן! גוט מאָרגן!

שרייב, וואָס דו טוסט אַ גאַנצן טאָג:

1. ______
2. ______
3. ______
4. ______
5. ______
6. ______

ין אָוונט



ערט ראַדיאָ

ביינאַכט



אַ גוטע נאַכט!



# ווי לעמעך גייט זיך גליטשן

עס איז ווינטער. לעמעך וויל גיין זיך גליטשן. נעמט ער זיינע גליטשערס און גייט אויפן גליטש.

טראַכט לעמעך: „וואָס זאָל איך טאָן, איך זאָל ניט פאַלן אויפן גליטש?" זעט לעמעך ווי אַ מענטש וואַרפט אַש לעבן זיין טיר. פרעגט לעמעך:

„פאַרוואָס וואַרפסטו אַש אויפן שניי?"

זאָגט דער מענטש: „דו זעסט, עס איז גליטשיק. וואַרף איך אַש אויפן שניי, מענטשן זאָלן ניט פאַלן."

זאָגט לעמעך: „גיב מיר אַ ביסל אַש."

גיט דער מאַן לעמעכן אַש און לעמעך גייט ווייטער. קומט לעמעך אויפן גליטש, און וואַרפט אָן אַש אויפן אייז.

שרייען די קינדער: „פאַרוואָס וואַרפסטו אַש אויפן אייז?"

זאָגט לעמעך: „איך וואַרף אַש, איך זאָל ניט פאַלן."

האָבן אַלע קינדער גענומען לאַכן.

זאָגט לעמעך: „פאַרוואָס לאַכט איר? איך האָב אַליין געזען, ווי אַ מאַן האָט עס געטאָן, אַז מענטשן זאָלן ניט פאַלן."

האָבן אַלע קינדער גענומען נאָך מער לאַכן.

ווייסט איר, פאַרוואָס די קינדער האָבן געלאַכט?



קאַטשקע






טשייניק



# אַ מעשה (אַ מייסע)

ליִיענט מיר מאַ אַ מעשה
שטענדיק פאַרן שלאָפן
און איך הער די מעשה
מיט די אויגן אָפן.

שטיל איז און די מאַמע
לייענט קוים צו הערן
און אין פענצטער זע איך
ווייטע-ווייטע שטערן.

ליג איך אין מיין בעטל
מיט די אויגן אָפן,
מאַמעס שיינע מעשה
וויגט מיך איין צום שלאָפן




## ווער קען דערציילן אַ מעשה?

„קינדער, ווער קען דערציילן אַ מעשה?" פרעגט די לערערין.

„איך, איך!" זאָגט פערל. „די באָבע האָט מיר דערציילט אַ מעשה וועגן אַ ציגעלע אַ ווייסע."

בערל הויבט אויף זיין האַנט: „לערערין, איך קען דערציילן אַ מעשה וועגן סופּערמען."

שרייט הערי: „איך קען דערציילן אַ שיינע מעשה וועגן מיין ברודער. ער איז אַ סאָלדאַט. ער האָט מיר געשריבן אַ בריוו."

האָבן אַלע קינדער דערציילט מעשות (מייסעס).




אין דער פרי עס איך פרישטיק.
וואָס עס איך אויף פרישטיק?

1. ______________________________
2. ______________________________
3. ______________________________

בייטאָג עסן מיר מיטאָג.
וואָס עסן מיר אויף מיטאָג?

1. ______________________________
2. ______________________________
3. ______________________________

אין אָוונט עסן מיר וועטשערע.
וואָס עסן מיר אויף וועטשערע?

1. ______________________________
2. ______________________________
3. ______________________________

# פֿאַרלאָרן און געפֿונען

דער קלײנער בעני
האָט פֿאַרלאָרן אַ פּעני,
װאָס ער האָט באַקומען פֿון פֿעניו.
איז געגאַנגען פֿעני
און האָט געפֿונען די פּעני
און צוריקגעגעבן צו בעניו.

גע
גאַנ
גען

געגאַנגען

גע
פֿו
נען

געפֿונען

גע
זוכט

געזוכט

גע
שפּילט

געשפּילט

שרײַב אױסן: הײם

1. איך פֿאַרלאָרן מײַן בוך
2. איך געזוכט מײַן בוך.
3. איך געפֿונען מײַן בוך.

# עטל און דאָס קעצל



עטל די קליינע
האָט געשפּילט זיך אין קיך.
איז געקומען דאָס קעצל
און פֿאַרשלעפּט אירע שיך.

זיצט עטל די קליינע
אין שטוב איצט אַליין
און וואַרט ביז די מאַמע
וועט קומען אַהיים.

## ענטפֿער די פֿראַגן:

1. פֿאַרוואָס וואַרט עטל אויף דער מאַמען?
2. איז עטל אַ גרויסע מיידל אָדער אַ קליינע?

שרײַב אַרײַן: בין.

1. איך געווען אין דער היים.
2. איך געגאַנגען אין שול.
3. איך געקומען אַהיים.

# אַ מעשה וועגן צוויי ברידערלעך

אַמאָל זיינען געווען צוויי ברידערלעך. איינער האָט געהייסן בעני און דער אַנדערער האָט געהייסן לעני.

בעני האָט געזאָגט, אַז ער איז דער שיינער, דער קלוגער און דער גוטער און לעני האָט געזאָגט, אַז ער איז דער שיינער, דער קלוגער און דער גוטער.

גייען זיי צום טאַטן און פרעגן:

„טאַטע, ווער פון אונדז איז דער שיינער, דער קלוגער און דער גוטער?“

לאַכט דער טאַטע און זאָגט: „ביידע זייט איר שיין, קלוג און גוט.“

גייען זיי צו דער מאַמען:

„מאַמע, ווער פון אונדז איז דער שיינער, דער קלוגער און דער גוטער?“

ענטפערט די מאַמע: „אַמאָל — בעני און אַמאָל — לעני.“

גייען זיי צו אַ פייגעלע:

„פייגעלע, פייגעלע, ווער איז שענער, בעני אָדער לעני?“

מאַכט דאָס פייגעלע: „ציף-ציף.“

„ווער איז בעסער: בעני אָדער לעני?“

מאַכט דאָס פייגעלע: „ציף-ציף.“

„ווער איז קליגער: בעני אָדער לעני?“

מאַכט דאָס פייגעלע: „ציף-ציף.“

ווייסן נאָך היינט ניט בעני און לעני, ווער עס איז שענער, ווער עס איז בעסער און ווער עס איז קליגער.

בעני און לעני זײַנען געגאַנגען צו:

1. ______ 2. ______ 3. ______



# אַ שפּיל מיט אַ ליד

**קינדער:** וואו איז העזעלע געווען,
וואו איז קליינינקער געווען?

**דער האָז:** אין אַ גאָרטן, קינדערלעך,
אין אַ גאָרטן, שיינינקע.

**קינדער:** וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן,
וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן?

**דער האָז:** איך האָב דאָרטן קרויט גענאַשט,
איך האָב מערעלעך גענאַשט.

**קינדער:** האָט מען דיך דען ניט געכאַפּט?
האָט מען דיך דען ניט געקלאַפּט?

**דער האָז:** אוי, געכאַפּט מיך, קינדערלעך,
אוי, געקלאַפּט מיך, שיינינקע.

זינגט דאָס ליד וועגן אַ הון, אַ קאַץ, אַ הונט, אַ וואָלף.

שרײַב אַרײַן: האָסטו

1. וואָס געזען אין אַ גאָרטן?
2. געזען אַ האָז?
3. אַ ייִדיש בוך?
4. אַ ברודער? אַ שוועסטער?

# אַ שפּיל וועגן חנוכה

פּערל (זינגט): „חנוכה, חנוכה,
„אַ יום-טוב אַ שיינער,
„אַ פרייליכער, ליכטיקער,
„ניטאָ נאָך אַזוינער."

בערל (קומט אַריין): וואָס זינגסטו דאָס, פּערל?

פּערל: איך זינג אַ ליד וועגן חנוכה. די לערערין אין שול האָט אונדז אויסגעלערנט דאָס ליד.

בערל: דער טאַטע האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיר געבן חנוכה-געלט.

פּערל: אַ גרויסע זאַך! איך וועל אויך קריגן חנוכה-געלט. אָבער ווייסטו די מעשה פון חנוכה?

בערל: וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה?

פּערל: די לערערין האָט אונדז דערציילט די מעשה. דאָס איז אַן אמתע מעשה, ווי יהודה המכבי האָט באַפרייט די יידן פון אַ שלעכטן קעניג.

בערל: ווער איז יהודה המכבי?

פּערל: יהודה המכבי איז אַ יידישער העלד. ער איז געווען זייער אַ שטאַרקער און אַ גוטער.

בערל: ער איז אַ יידישער סופּערמען? וואו איז ער?

פּערל: גיי, דו ביסט אַ נאַרישער ייִנגל. ער איז שוין לאַנג ניטאָ. די מעשה איז געווען אַמאָל-אַמאָל, אין אַ ווייטן-ווייטן לאַנד, פּאַלעסטינע.
(די מאַמע קומט אַריין.)

מאַמע: בערל, פּערל, היינט וועלן מיר עסן חנוכה-לאַטקעס און דער זיידע וועט אָנצינדן חנוכה-ליכטלעך און דער טאַטע וועט אייך געבן חנוכה-געלט.

בערל און פּערל שפּרינגען און זינגען:
„חנוכה, חנוכה, אַ יום-טוב אַ שיינער!"

זש

# די זשאַבע



זשאַבע, זשאַבע,
קוואַ-קוואַ-קוואַ,
גיב דו נאָר
אַ שפּרונג אַזאַ!

## דער אָקס און די זשאַבע



אַמאָל איז געווען אַ זשאַבע, אַ קליינע גרינע זשאַבע. זי האָט געלעבט לעבן אַ טייך און זי האָט געמאַכט:

„קוואַ-קוואַ-קוואַ“.

איין מאָל זעט די זשאַבע אַן אָקס. דער אָקס איז אַזוי גרויס און די זשאַבע איז אַזוי קליין.

זאָגט די זשאַבע: „אָקס, אָקס, איך וועל אויך ווערן אַזוי גרויס ווי דו!“

ענטפערט דער אָקס: „ווי קענסטו ווערן אַזוי גרויס ווי איך?“

נעמט די זשאַבע און בלאָזט זיך און בלאָזט זיך. זי האָט אַזוי לאַנג זיך געבלאָזן, ביז זי האָט געפּלאַצט!

איז די זשאַבע געווען אַ קליי-
נע אָדער אַ גרויסע?

יאַ | יאַט

# בערל אין שול

בערל איז אין שול געקומען,
צו דער אַרבעט זיך גענומען.
בערל איז אַ יאַט אַזאַ,
כאַ-כאַ, כאַ-כאַ-כאַ, כאַ!

יידיש רעדן, יידיש לייענען,
אַלץ, אַלץ וויל בערל קענען.
בערל איז אַ יאַט אַזאַ,
כאַ-כאַ, כאַ-כאַ-כאַ, כאַ!

זינגען, מאָלן, טאַנצן, שרייבן,
בערלען דאַרף מען גאָר ניט טרייבן.
בערל איז אַ יאַט אַזאַ,
כאַ-כאַ, כאַ-כאַ-כאַ, כאַ!

וואָס מיר טוען אין שול:

1.

2.

3.

4.

5.



# אַ שפּיל מיט אַ ליד

**די קינדער:** שפּילן מיר, שפּילן מיר,
אין אַ ראָד, אין אַ ראָד.
(קומט אַרויס אַ האָן)

**די קינדער:** קו-קאַ-רע-קו, האָן,
וואָס קענסטו פֿאַר אונדז טאָן?

**דער האָן:** איך זאָג אָן, איך זאָג אָן,
אַז דער טאָג קומט שוין אָן.

**די קינדער:** שפּילן מיר, שפּילן מיר,
אין אַ ראָד, אין אַ ראָד.
(קומט אַרויס אַ הון)

**די קינדער:** קוואַ-קוואַ-קוואַ, הינדעלע,
וואָס האָסטו פֿאַר אונדז?

**די הון:** אַן אייעלע, אַן אייעלע, פֿריש און ריין,
איר זאָלט זיין געזונט און שיין!
(קומט אַרויס אַ גאַנדז)

**די קינדער:** גאַ-גאַ-גאַ, גענדזעלע,
וואָס האָסטו פֿאַר אונדז?

**די גאַנדז:** איך האָב פֿאַר אייך פֿעדערלעך, ווייס ווי דער שניי,
מאַכט זיך קישעלעך און שלאָפֿט אויף זיי!

קענסטו געפֿינען דאָס ליד מיט אַ
הונט, אַ קאַץ, אַ קו?

# זיי ווילן פֿאָרן



די קינדער וואַרטן אויף דער באַן. די באַן קומט אָן. די באַן האָט אַ סך וואַגאָנעס און אַ לאָקאָמאָטיוו. דער לאָקאָמאָטיוו פּייפֿט.



דאָס איז אַן עראָפּלאַן. דער עראָפּלאַן פֿליט הויך. דער עראָפּלאַן פֿליט ווי אַ פֿויגל. די קינדער ווילן פֿאָרן אויף אַן עראָפּלאַן.



דאָס איז אַ קאַר. די קאַר פֿאָרט שנעל. די קינדער ווילן פֿאָרן אויף דער קאַר.



דאָס איז אַ ______

דערצייל אַ מעשה וועגן אַ שיף.

1. שרײַב אַרײַן אין די בילדער:

די באַן. דער עראָפּלאַן.

די קאַר. די שיף.

2. וואָס קענסטו דערציילן וועגן די בילדער?

# מיין שוועסטערל

איך האָב אַ שוועסטערל, הייסט זי . איז זי קליין און שיין. אַז דער דאַרף אַוועקפאָרן, הויבט בלימעלע אָן צו וויינען און צו שרייען.

גייט דער טאַטע אַוועק און ברענגט איר אַן , אַ , אַ און אַ

לאַכט מיין שוועסטערל, בלימעלע, און זי זאָגט: „פאָר געזונט, פאַפאַ, פאָר געזונט, און קום שנעל צוריק."

גייט דער טאַטע אַוועק צו דער .

שפּילט זיך בלימעלע מיט די זאַכן, שפּילט זיך, ביז זי הויבט אָן וויינען. גיט איר די מאַמע אַ קוש און זאָגט:

„דו האָסט דאָך אַן אַ און אַ טאָ פאָר זשע אַוועק און ברענג דעם פאַפאַ צוריק."

זעצט זיך בלימעלע אַוועק אויפן דיל און הויבט אָן שפּילן. זי פאָרט מיטן צו דער , מיט דער צו דעם , מיטן צו דער .

זי איילט זיך און איילט זיך און שרייט: „פאַפאַ, קום שוין צוריק אַהיים!" ביז זי ווערט אַנטשלאָפן.

## איך צייל

אײנס, צוויי, דריי, פֿיר,
קענסטו ציילן מער פֿאַר מיר?
וואַרט, איך וועל אַ גרױסער זײַן,
וועל איך ציילן דאַן ביז נײַן . . .

## וויפֿיל קענסטו ציילן?

אײנס, צוויי, דריי, פֿיר,
גוטע קינדער זײַנען מיר.

פֿינף, זעקס, זיבן, אַכט,
שלאָפֿן דאַרף מען גיין בײַנאַכט.

נײַן, צען, עלף, צוועלף,
אין אַ וואַלד לעבן וועלף.

דרײַצן, פֿערצן, פֿופֿצן, זעכצן,
סעמים ײדע האָט ליב צו קרעכצן.

זיבעצן, אַכצן, נײַנצן, צוואַנציק,
הערי האָט אַ נײַעם אָנצוג.

וויפֿל?

אַ האַנט האָט ___ פֿינגער.

ביידע הענט האָבן ___ פֿינגער.

די הענט און די פֿיס האָבן ___ פֿינגער

איך האָב ___ בלײַערס.

אין קלאַס זײַנען דאָ ___ קינדער.

# די טעג פון דער וואָך



זונטיק גיי איך
אין זו מיט מיין
טאַטן

מאָנטיק העלף
איך דער
מאַמען וואַשן

דינסטיק דאַרף
די מאַמע
פּרעסן




מיטוואָך
העלף איך
דער מאַמען
נייען

דאָנערשטיק
קויפט די מאַמע
איין אויף
שבת

פרייטיק
העלף איך
דער מאַמען
ראַמען



שבת (שאַבעס) איז אַ פרייער טאָג. איך דאַרף ניט גיין אין סקול. איך דאַרף ניט גיין אין שול. איך דאַרף ניט מאַכן קיין היים-אַרבעט. איך שפּיל אַ גאַנצן טאָג.

## די מאַמע וואָך און אירע קינדער

אַמאָל איז געווען אַ מאַמע,
האָט זי געהייסן וואָך,
האָט זי געהאַט זיבן
קינדער.
האָט איינער געהייסן
זונטיק,
דער צווייטער — מאָנטיק,
דער דריטער — דינסטיק,
דער פערטער — מיטוואָך,
דער פינפטער —
דאָנערשטיק,
דער זעקסטער— פרייטיק,
און דער זיבעטער —
האָט געהייסן שבת.
זיינען זיבן געווען ווייסע
און זיבן — שוואַרצע.
האָבן זיבן געזאָגט — טאָג,
האָבן זיבן געזאָגט—נאַכט.
זיינען די ווייסע געקומען,
זיינען די שוואַרצע אַוועק.
זיינען די שוואַרצע
געקומען,
זיינען די ווייסע אַוועק.
אַזוי איז די מעשה, אָן אַן
עק
און אָן אַ ברעג.

## אַלע טאָג ספּינאַטש

אַמאָל איז געווען אַ מיידעלע. האָט זי געהייסן עטעלע. האָט איר די מאַמע געגעבן אַלע טאָג עסן ספּינאַטש.

און די מאַמע האָט געזאָגט:

„עס, עטעלע, ספּינאַטש, וועסטו זיין געזונט און שיין!"

האָט עטעלע געזונגען אַ לידל:

(שטעל אַריין: ספּינאַטש)

זונטיק - ספּינאַטש, מאָנטיק - ספּינאַטש

דינסטיק און מיטוואָך

דאָנערשטיק און פרײַטיק

שבת (שאַבעס) ווידער אַ שיסעלע

זונטיק ווידער

# די באָבע צירל

די באָבע צירל
איז אַריין אין איר דירל
צו געבן דעם הונט אַ ביין.



זוכט זי אין שאַפע
און אונטער דעם טיש,
נאָר קיין ביין
איז ניטאָ און ניטאָ.

גייט זי צום פישער
צו קויפן אים פיש,
קומט זי צוריק —
דער הונט טאַנצט אויפן
טיש.



גייט זי אין קיך,
ברענגען אַ טאַץ,
קומט זי צוריק —
דער הונט שפילט מיט
דער קאַץ.



| צו | צוריק |
|---|---|

לייען און טו:

1. גיי צו דער טיר און קום צוריק.
2. גיי צום פענצטער און קום צוריק.

# דער זיידע יאָר און זיינע אייניקלעך

אַמאָל איז געווען אַ זיידע, האָט ער געהייסן יאָר. האָט ער געהאַט צוועלף אייניקלעך — מאַנאַטן.

האָבן זיי געהייסן:

יאַנואַר, פעברואַר, מערץ,
אַפּריל, מיי, יוני,
יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער,
אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער.

דריי אייניקלעך זיינען ווייסע. זיי קומען נאָר אין ווינטער. דאָס זיינען:

1. ____________________
2. ____________________
3. ____________________

דריי אייניקלעך זיינען גרינע. זיי קומען נאָר אין פרילינג. דאָס זיינען:

1. ____________________
2. ____________________
3. ____________________

דריי אייניקלעך זיינען זוניקע און הייסע. זיי קומען נאָר אין זומער. דאָס זיינען:

1. ____________________
2. ____________________
3. ____________________

דריי אייניקלעך זיינען גרויע און נאַסע. זיי קומען נאָר אין האַרבסט. דאָס זיינען:

1. ____________________
2. ____________________
3. ____________________

די בלאַטע:

הײַנט איז מאָנטיק, דער

# אייבּרעהעם לינקאָלן



היינט איז דער 12טער פעברואַר
דער געבורטסטאָג פון אייבּרעהעם לינקאָלן

אַ פריינט פון אַלע מענטשן
איז לינקאָלן געווען.
מיליאָנען נעגער-שקלאַפן
האָט ער אין לאַנד געזען.

אַמעריקע מוז פריי זיין,
פאַר אַלע מענטשן גלייך,
פאַר נעגער, ווי פאַר ווייסע,
פאַר אָרעם, ווי פאַר רייך.

אָט-דאָס געזאָגט האָט לינקאָלן
צו אַלעמען אין לאַנד:
די נעגער דאַרפן פריי זיין
אין אונדזער שיינעם לאַנד.

דערצײל אַ מעשה (מײַסע) װעגן
אײבּרעהעם לינקאָלן

## איך רעכן



איינס און איינס איז
צוויי.
איינס און צוויי איז
דריי.
דריי און צוויי שטעלט מען באַנאַנד,
אַזוי פּיל פינגער האָט די האַנט.
באָרג איך אויס פון צווייטער האַנט
דאָס קליינע פינגערל אַליין,
וויפל וועט עס איצטער זיין?

## אַ וויץ

מאַמע: וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט, הערי?
הערי: דער לערער איז היינט געווען בייז אויף מיר.
מאַמע: וואָס איז?
הערי: דער לערער האָט געפרעגט, וויפל איז 3 מאָל 4.
מאַמע: האָסטו אים ניט געקאָנט זאָגן, אַז עס איז 12?
הערי: איך האָב אים שוין געגעבן 14, און ער האָט נאָך
אַלץ ניט געוואָלט.

# אַ שפּיל וועגן פּורים

עטל און מאַטל זינגען:

„היינט איז פּורים, און מאָרגן איז אויס.
נעמט אָן המנען (האָמאָנען) און וואַרפט
אים אַרויס!"





(די מאַמע קומט אַריין)

מאַמע: וואָס זינגט איר עפּעס, קינדער?

עטל: מיר זינגען אַ לידל פון שול.

מאַטל: מיר גרייטן זיך צום פּורים-מאַסקאַראַד.

די מאַמע: איר וועט האָבן אַ פּורים-מאַסקאַראַד אין שול?

פּערל: יאָ, מיר וועלן מאָרגן האָבן אַ מאַסקאַראַד, און איך וועל זיין די גוטע קעניגין אסתּר (עסטער). די קעניגין אסתּר האָט געראַטעוועט די יידן.

בערל: און איך וועל זיין איר אַלטער אָנקל מרדכי (מאָרדכע). ער האָט געהאָלפן ראַטעווען די יידן.

די מאַמע: און ווער וועט זיין דער שלעכטער המן?

בערל: קיינער וויל ניט זיין המן, ווייל די קינדער ווילן אים שלאָגן. זיי ווילן אים אַרויסוואַרפן.

די מאַמע: יידישע קינדער שלאָגן המנען מיט אַ גראַגער. איך וועל אייך קויפן אַ גראַגער, און איר וועט גראַגערן.

פּערל: מאַמע, און וואָס וועלן מיר ברענגען אין שול? אַלע קינדער וועלן ברענגען גוטע זאַכן.

די מאַמע: איך וועל אויסבאַקן המן-טאַשן, וועט איר זיי נעמען אין שול.

פּערל און בערל זינגען:

„היינט איז פּורים און מאָרגן איז אויס,
נעמט אָן המנען און וואַרפט אים אַרויס!"

# דער זייגער



מאַמע, דער
זייגער איז
אַראָפּגעפאַלן

ווײ איז מיר!
זע צי דער
זייגער גייט.

ניין, מאַמע,
ער גייט ניט,
ער ליגט.



דער גרויסער ווייזער.
ער ווייזט די מינוט.

דער קליינער ווייזער.
ער ווייזט די שעה (שאָ).

## אַרבעט:

1. מאָל אַרײַן די נומערן און די ווייזערס אין דעם זייגער.

2. שטעל אַוועק דעם גרויסן ווייזער אויף צוועלף און דעם קליינעם ווייזער אויף איינס. וויפיל איז דער זייגער?

3. שטעל אַוועק דעם גרויסן ווייזער אויף זעקס און דעם קליינעם ווייזער צווישן פינף און זעקס. וויפיל איז דער זייגער?

# אַכט אַזייגער

שוין אַכט אַזייגער, קינדערלעך,
אַכט אַזייגער שוין.
קושט דעם טאַטן, קושט דער מאַמען
און אין בעט אַריין.

## מאָל אָן:



ווען שטייסטו
אויף?



ווען גייסטו
אין שול?



ווען עסטו
וועטשערע?



ווען גייסטו
שלאָפן?

וויפיל איז איצט דער זייגער?



בערל לעקער איז געקומען צום בעקער
פרײַטאָג האַלב נאָך זעקס.
זאָגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
„גיב מיר פריש געבעקס.“
זאָגט דער בעקער צו בערל לעקער:
„װײַז מיר פריער געלט.“
זאָגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
„אָט דאָס איז װאָס מיר פעלט.“

## זײַ אַזױ גוט!

„לערער, גיב מיר אַ בלײַער“, זאָגט הערי. גיט עמאַ אַ שטופּ הערין און זאָגט אים שטיל:

„הערי, מען דאַרף זאָגן: זײַ אַזױ גוט, גיב מיר אַ בלײַער.“

ענטפערט איר הערי, אויך שטיל: „איך װײס, אַז דער לערער איז גוט. פאַרװאָס דאַרף איך זאָגן: „זײַ אַזױ גוט?“

דערהערט דער לערער, און ער זאָגט: „װען דו זאָגסט אין ענגליש „פּליז“, דאַרפסטו זאָגן אין ייִדיש: „זײַ אַזױ גוט!“

„לערער, זײַ אַזױ גוט, גיב מיר אַ בלײַער!“
„נאַ דיר דעם בלײַער.“
„אַ דאַנק, לערער!“

Please — זײַ אַזױ גוט —

Thank you — אַ דאַנק —

# דזשאָרדזש וואַשינגטאָן



היינט איז דער 22טער פעברואַר,
געבורטסטאָג פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן.

וואַשינגטאָן, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן,
דער פאָטער פון אַמעריקע,
ער איז געווען, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן,
דער ערשטער פּרעזידענט.

אַ גרויסער, גוטער פּרעזידענט
איז וואַשינגטאָן געווען.
ער האָט געמאַכט אַמעריקע
אַ פריי און מעכטיק לאַנד.

דערציילט אַ מעשה (מייסע) וועגן
דזשאָרדזש וואַשינגטאָן.

## True (עמעס) אמת

# אמת אָדער ליגן?

אַמאָל איז געווען אַ יינגל. האָט ער געהאַט אַ שאַרף צינגל, האָט מען אים גערופן: יינגל-צינגל.

יינגל-צינגל האָט געדרייט מיט זיין צינגל און האָט דערציילט מעשׂות ניט געשטויגן און ניט געפלויגן.

די קינדער האָבן געלאַכט און האָבן געזאָגט: „דאָס איז אַ ליגן!“

איין מאָל האָט יינגל-צינגל דערציילט אַזאַ מעשׂה:

„הערט אַ מעשׂה, קינדערלעך,
הערט מיט נאָז און אויערן;
איבער אונדזער דאַך
איז אַ קו געפלויגן!“

האָבן די קינדער געזאָגט: „דאָס איז אַ ליגן!“

אָבער יינגל-צינגל האָט געשריען:

„דאָס איז אמת, אמת, אמת,
„דאָס איז אמת אַלץ געווען.
„דאָס איז אמת, אמת, אמת,
„איך האָב דאָס אליין געזען!“

וואָס זאָגט איר, קינדער, איז דאָס אמת, אָדער איז דאָס ליגן?

קענסטו דערציילן אַ מעשׂה, וואָס איז ניט געשטויגן ניט געפלויגן?

# איז דאָס אמת?



רידל דע-רידל
די קאַץ מיטן פידל

די קו איז געפלויגן
איבערן דאַך



דער הונט גיט אַ לאַך,
ווען ער זעט אַזאַ זאַך,

און דער טאָפּ טאַנצט
אַוועק מיט די לעפעלעך.

## ווילי און טילי

אַמאָל זיינען געווען אַ ברודער און אַ שוועסטער. דער ברודער האָט געהייסן ווילי און די שוועסטער האָט געהייסן טילי.

ווילי און טילי האָבן זיך ליב, נאָר זיי קריגן זיך אַלע מאָל.

אַז ווילי זאָגט ווייס, זאָגט טילי שוואַרץ.

אַז ווילי זאָגט אַ ביסל, זאָגט טילי אַ סך (סאַך).

אַז ווילי זאָגט ניי, זאָגט טילי אַלט.

אַז ווילי זאָגט וואַרעם, זאָגט טילי קאַלט.

אָבער ווילי העלפט אַלע מאָל טילין, און טילי העלפט אַלע מאָל ווילין.

# מיין דירה (דירע)



דאָס איז אַן עס-צימער. מיר עסן אין דעם צימער פרישטיק, מיטאָג און וועטשערע. וועלכע זאַכן שטייען אין עס-צימער?



דאָס איז מיין שלאָף-צימער. איך שלאָף אין בעט. איך הענג מיינע קליידער אין שאַפע.



דאָס איז די קיך. אין קיך איז דאָ אַן אויוון, אַן אייז-קאַסטן און אַ סינק. די מאַמע קאָכט אין קיך.

מיר האָבן אַ וואַש-צימער.

אין וואַש-צימער איז דאָ אַ וואַנע און אַ שפּריץ.

1. אין מיין דירה (דירע) זיינען דריי צימערן.

2. וועלכע צימערן זיינען אין מיין דירה:

# איך וואוין מיר וואוינען

איך וואוין אין אַ הויז
מיט אַ סך שטאָק,
אונדזער הויז איז דאָס העכסטע
אויף דעם גאַנצן בלאָק.



מיר וואוינען מיט שכנים,
אַ טיר ביי אַ טיר,
אַ דירה פאַר דיר
און אַ דירה פאַר מיר.

עס וואוינען פאַמיליעס,
גרויסע און קליינע,
טאַטעס און מאַמעס
און קינדערלעך שיינע.






אין מיין הויז זיינען דאָ טרעפּ
און אַן עלעווייטאָר.
אַמאָל גיי איך אַרויף און אַראָפּ
די טרעפּ,
און אַמאָל פאָר איך אַרויף און אַראָפּ
אין דעם עלעווייטאָר.

# אַ דאַך



אויף אונדזער הויז
איז דאָ אַ דאַך,
וואָס איז גרויס
און פלאַך.

עס ציען זיך שטריק,
אַ ריי נאָך אַ ריי,
די מאַמע הענגט וועש דאָרט,
ווייס ווי דער שניי.

די ראַדיאָ-דראָטן
ציען זיך הויך.
דער דאַך האָט אַ קוימען,
עס גייט פון אים אַ רויך.

אונדזער דאַך איז גרויס,
ער איז ריין און שיין,
פאַרוואָס לאָזט מיך די מאַמע
ניט זיין דאָ אַליין?

## ווער איז ביי דער טיר?

די קליינע עטעלע כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און הערט: אַ מענטש גייט אויף די טרעפּ. עפּעס גיט אַ קלאַפּ ביי דער טיר. עטעלע האָט מורא (מוירע) און זי וועקט איר גרויסע שוועסטער, מילי: „מילי, מילי, איך האָב מורא."

מילי כאַפּט זיך אויף, רייבט די אויגן, און זאָגט: „וואָס האָסטו מורא, עטעלע?"

„אַ מענטש לעבן אונדזער טיר. אַ שלעכטער מענטש. ער קלאַפּט דאָרטן."

לאַכט מילי און נעמט אַרום עטעלען: „ניין, עטעלע, דאָס איז ניט קיין שלעכטער מענטש. דאָס איז אונדזער מילכמאַן. ער ברענגט מילך, ווען אַלע שלאָפן נאָך."

# מיין שטאָט



ביי אונדז אין גאַס
וואוינען מענטשן אַ סך.
עס שטייען דאָ הייזער,
אַ דאַך ביי אַ דאַך.

עס ציִען זיך גאַסן,
די שטאָט אַזוי גרויס,
מיט סאַבווייס און באַנען,
וואָס מאַכן אַ רויש.

באַסעס און סטריט-קאַרס
גאָר אָן אַ צאָל.
קינדער אין פּאַרקן
שפּילן אין באָל.

## רחל גייט אין סקול

אַלע אין דער פרי גייט די קליינע רחל אין סקול. רחל איז זיבן יאָר אַלט, אָבער זי האָט אַ סך פריינט אין גאַס.

דער גאַסן-קערער קערט די גאַס, און רחל זאָגט צו אים: „גוט מאָרגן." ענטפערט דער גאַסן-קערער: „גוט מאָרגן."

דער פאַרבער שטייט אויף אַ הויכער פּלאַטפאָרם און פאַרבט אַ הויז. זאָגט רחל „האַלאָ" צו דעם פאַרבער.

דער פּאָליסמאַן שטייט אין מיטן דער גאַס. ווען עס קומט די גרינע ליכט, גיט דער פּאָליסמאַן אַ פייף און זאָגט צו רחלען: „גיי, מיידעלע, אַריבער די גאַס."

רחל זאָגט צו דעם פּאָליסמאַן: „אַ דאַנק!" און זי גייט אַריבער די גאַס.

# אַ ליד מיט אַ שפּיל

אַ קינד: איך בין אַ גוטער מוזיקאַנט,
איך קום פון פריילעך לאַנד.

אַלע קינדער: ער איז אַ גוטער מוזיקאַנט,
ער קומט פון פריילעך לאַנד.

קינד: איך זינג זיסע לידער,
איך זינג נאָך מיין פּיאַנאָ,
פּיאַ—נאָ!
פּיאַנאָ, צימבל, בימבל, בימבל,
פּיאַנאָ, צימבל, בימבל, בימבל,
פּיאַנאָ, צימבל, בימבל, בימבל — באַם!

(אַ צווייט קינד זינגט און אַלע קינדער זינגען ווי פריער,
און דאַן:)

צווייט קינד: איך זינג זיסע לידער,
איך זינג נאָך מיין פידל.
פי—דל!
פידל, לידל, לידל, לידל,
פידל, לידל, לידל, לידל,
פידל, לידל, לידל, לידל — לאַם!

(אַ דריט קינד זינגט און אַלע קינדער זינגען ווי פריער, און
דאַן:)

דריט קינד: פּיי—פל!
פּייפל, פּיו, פּיו, פּיו,
פּייפל, פּיו, פּיו, פּיו,
פּייפל, פּיו, פּיו, פּיו — פּיו!

(אַ פערט קינד און אַלע קינדער, און דאַן:)

פערט קינד: פּיי—קל!
פּייקל, פּויק, פּויק, פּויק,
פּייקל, פּויק, פּויק, פּויק,
פּייקל, פּויק, פּויק — טראַם!

# פסח סדר
(פייסאַך) (סיידער)



עס קומט דער יום-טוב פסח. אייבי און זיין שוועס-טער, לילי, פרייען זיך. זיי וועלן גיין צו דעם זיידן און צו דער באָבען צום סדר.

אייבי וועט פרעגן די פיר קשיות און דער זיידע וועט אים אַ גלעט טאָן איבערן קאָפּ און זאָגן, אַז ער איז אַ גוטער יינגל.

„ווייסטו וואָס?“ זאָגט אייבי צו לילין. „לאָמיר דער-ציילן דעם זיידן און דער באָבען די מעשה וועגן פסח, ווי דער לערער אין שול האָט אונדז דערציילט.“

„גוט“, זאָגט לילי, „זיי וועלן זיך פרייען.“

זאָגט אייבי: „איך וועל אָנהויבן די מעשה אַזוי:

„אַמאָל אַמאָל, אין אַ ווייטן-ווייטן לאַנד איז געווען אַ שלעכטער קעניג, פּרעה. ער האָט געמאַכט די יידן פאַר שקלאַפן. זיי האָבן געמוזט אַרבעטן זייער שווער.“

„איצט וועל איך דערציילן ווייטער“, שלאָגט איבער לילי. „איך וועל דערציילן וועגן משהן (מוישען) און ווי ער האָט באַפרייט די יידן.“

„און איך וועל דערציילן ווי די יידן זיינען געוואָרן פרייע מענטשן, און ווי זיי זיינען געקומען אין דעם לאַנד פּאַלעסטינע.“

האָבן זיי אָפּגעמאַכט, אַז אייבי וועט דערציילן אַ האַלבע מעשה און לילי וועט דערציילן אַ האַלבע מעשה.

# ווער זיינען זיי?








1. שרייב אונטער די בילדער:

בריוו-טרעגער, סאָלדאַט, גאַסן-קערער, בעקער, פייער-לעשער, פאַרבער, פּאָליסמאַן, קרעמער, מילך-מאַן.

2. דערציילט וואָס זיי טוען.

## וואָס זאָל איך ווערן?



איך דריי דעם קאָפּ
און איך דריי און דריי:
אָט-אָ, אָט-אָ וועל איך גיין,
איך וועל גיין אין דער אַרמיי.
קאָן איך ניט באַשליסן,
וואָס זאָל איך ווערן?

אין דער נייוווי וויל איך גיין,
אַ פּליער וויל איך זיין.
זאָל איך ווערן אַ קאַפּיטאַן?
דאָס איז אויך זייער פיין.

אַ מאַטראָס איז גוט,
אַ סאָלדאַט איז גוט,
ווייס איך ניט,
וואָס מען טוט.

## אַ בריוו פון גרויסן ברודער

אַלע אין דער פרי, ווען מאָטל גייט אין סקול, וואַרט ער אויף דעם בריוו-טרעגער. וואָס עפּעס וואַרט ער אויפן בריוו-טרעגער? עס דאַרף קומען אַ בריוו פון זיין גרויסן ברודער, אייב.

אייב איז אַ סאָלדאַט, און ער איז ווייט-ווייט. וואַרט די גאַנצע פאַמיליע אויף אַ בריוו.

היינט שמייכלט דער בריוו-טרעגער צו מאָטלען און זאָגט: „נאַ דיר אַ בריוו פון דיין ברודער.“

מאָטל לויפֿט צוריק אַהיים און שרייט פֿון די טרעפּ: „מאַמע, מאַמע, אַ בריוו פֿון אייבין. איך האָב שוין גע־לייענט. אייבי איז געזונט און שטאַרק.“

ווער איז מאָמעס ברודער?

## לעמעך אין וואַלד

גייט לעמעך אין וואַלד. קלייבט ער יאַגעדעס געשמאַקע און זיסע און לייגט זיי באַלד אין מויל אַריין.

איז לעמעכן גוט. שרייט ער אויס: „דאָ איז גוט!“

הערט לעמעך באַלד אַן ענטפֿער פֿון וואַלד: „דאָ איז גוט!“

פֿרעגט לעמעך: „ווער ביסטו?“

הערט ער פֿון וואַלד: „ווער ביסטו?“

זאָגט לעמעך: „איך בין לעמעך, קום אַהער.“

הערט ער פֿון וואַלד: „איך בין לעמעך, קום אַהער.“

מיינט לעמעך, אַז אין וואַלד איז דאָ נאָך אַ לעמעך. פֿרייט ער זיך און ער גייט זוכן דעם אַנדערן לעמעך.

זוכט לעמעך און זוכט און ער קען ניט געפֿינען דעם אַנדערן לעמעך.

גייט לעמעך אַהיים און דערציילט דער מאַמען די גאַנצע מעשׂה. זאָגט די מאַמע: „דאָס, מיין זון, האָסטו בלויז געהערט אַן עכאָ פֿון וואַלד.“

וואָס האָט לעמעך געהערט אין וואַלד?

# אַ מתנה פֿאַר דער מאַמען



„וואָס שרייבסטו, פּערעלע?“
פֿרעגט דער טאַטע.
די קליינע פּערעלע האָט נאָך
ניט געקאָנט שרייבן.
„ש-ש-ש“, זאָגט די קליינע
פּערעלע, „איך שרייב אַ בריוועלע צו דער מאַמען. דאָס
איז אַ מתנה אויף מוטערס טאָג.“

„וואָס שרייבסטו צו דער מאַמען?“ פֿרעגט דער טאַטע.

„איך שרייב: „טייערע מאַמע. איך האָב דיך ליב. איך
וועל דיך אַלע מאָל פֿאָלגן“, זאָגט פּערעלע.

„דאָס איז זייער אַ גוטע מתנה אויף מוטערס טאָג“.
זאָגט דער טאַטע.




## די בעסטע מאַמע

.1 .2 .3



# דער האָן, די זון און די לבנה

אַמאָל, אַמאָל האָבן געלעבט צוזאַמען: די , די  און דער .

איין מאָל גייט די  שפּאַצירן מיט דער  און דער  בלייבט אין .

זאָגט די  צו דעם :

— טרייב אַהיים די  פון פעלד.

האָט דער  פאַרגעסן צו טרייבן די קו פון פעלד. ווערט די לבנה בייז. זי כאַפּט דעם האָן פאַרן רויטן קאַם און וואַרפט אים אַרויס פון הויז.

זאָגט די : „ווייל דו וואַרפסט אַרויס דעם  פון הויז, וויל איך מיט דיר מער ניט שפּאַצירן. דו נעם זיך די נאַכט און שפּאַציר ביינאַכט, און איך וועל נעמען דעם טאָג און שפּאַצירן ביים טאָג.

און אַזוי איז טאַקע געבליבן. די  שפּאַצירט אין הימל ביינאַכט, און די  שפּאַצירט אין הימל ביים טאָג.

און דער  פרייט זיך, ווען די  קומט אַרויס אויפן הימל, און ער קרייעט:

קו-קאַ-רע-קו!

און די קינדער הערן דעם האָן און זאָגן:

קו-קאַ-רע-קו, האָן,

דער טאָג קומט שוין אָן.

ווען קרייעט דער האָן?

## דער יעגער



יאַנקעלע וויל אַ יעגער זיין,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַריין.
שיסן וויל ער נאָר אַ בער,
פעלט אים דאָך געווער.
אונדזער יאַנקעלע דערזעט:
אין ווינקעלע אַ בעזעם שטייט.
מיטן בעזעם וועט ער יאָגן
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן.

ער קען אין הויז שוין מער ניט בלייבן:
וויל דעם בעזעם אונטערהויבן.
שווערער בעזעם קערט זיך איבער,
און דער יעגער פאַלט אַריבער

## אַ גוטער שילער

די מאַמע: בעני, וואָס האָסטו היינט געטאָן אין שול?

בעני: איך האָב היינט געענטפערט אויף אַ פראַגע, וואָס קיינער האָט ניט געקאָנט ענטפערן.

די מאַמע: וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ פראַגע?

בעני: דער לערער האָט געפרעגט: „ווער האָט היינט ניט געטאָן די היימאַרבעט?“

האָסטו געטאָן דײַן היים-אַרבעט?

# אויף אַ פאַרם




ווען איך בין אויף אַ פאַרם,
שפּיל איך זיך אין גראָז:
איך זע דעם פאַרמערס הינער,
איך זע אין פעלד אַ האָז.

איך זע ווי אונדזער פאַרמער
אַקערט אויף דעם פעלד,
איך זע דעם פאַרמערס גאָרטן,
אַ שיינע גרינע וועלט.

עס וואַקסן דאָרטן ציבעלעס,
קאַרטאָפל, לעטוס, קרויט,
עס וואַקסן דאָרטן בוריקעס
און מערן שיין און רויט.

שרייב צו די ריכטיקע נעמען:

אַ מער. אַ ציבעלע. אַ בוריק

ענטפער אויף די פראַגן:

1. ביסטו געווען אויף אַ פאַרם?

2. וואָס האָסטו דאָרטן געזען?

# אַ נעסט פֿאַר די פֿייגעלעך



„הערי, הערי, קום אַהער, די פֿייגעלעך זיינען שוין געקומען. זיי פֿליִען אַרום אונדזער בוים", שרייט מערי צו איר ברודער, הערי.

הערי לויפֿט אַרויס פֿון הויז און זאָגט: „ווייסטו וואָס, מערי? איך וועל מאַכן אַ נעסט פֿאַר די פֿייגעלעך."

געזאָגט און געטאָן. מערי קריגט אַ שטיקל האָלץ און הערי ברענגט זיין האַמער און זעג. ער האָט ליב צו מאַכן זאַכן פֿון האָלץ.

באַלד ווערט פֿאַרטיק אַ קליין קעסטעלע. „ווי אַזוי וועלן מיר אַרויפֿשטעלן דאָס קעסטעלע אויפֿן בוים?" פֿרעגט מערי.

„אָט וועסטו זען", זאָגט הערי. ער לויפֿט אַוועק און ברענגט אַ לייטער. ער שטעלט צו דעם לייטער צו דעם בוים און זאָגט צו מערין:

„האַלט צו דעם לייטער און איך וועל אַרויפֿקריכן."

מערי האַלט דעם לייטער און הערי קריכט אַרויף. ער שטעלט אַוועק דאָס קעסטעלע אויף אַ צווייַג און בינדט עס צו מיט אַ שטריקל.

די פֿייגעלעך האָבן געמאַכט זייער נעסט אין דעם קעסטעלע. די מאַמע-פֿויגל האָט געלייגט קליינע אייעלעך און איז געזעסן אויף זיי.

1. וואָס איז געווען שפּעטער?

2. ווען קומען די פֿייגעלעך?

# אַ שפּיל אין קאַץ און מויז



קינדער, קינדער, קומט אַרויס,
לאָמיר שפּילן קאַץ און מויז.
אַלע קינדער אין אַ קרייזל,
דו אַ קעצל, איך אַ מייזל.

און דאָס קעצל — נאָך דער מויז,
אַט אַריין און אַט אַרויס.
נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ רגע,
שאַרפּט דאָס קעצל שוין די נעגל.

אָבער פלינק איז אונדזער מייזל,
איז דאָס ווידער שוין אין קרייזל,
און אײדער ווען, און אײדער וואָס
בלייבט דאָס קעצל מיט אַ נאָז.

# סעמעלע איז פאַרלאָרן געגאַנגען

„אסתר, איך גיי אין ים זיך באָדן, דו גיב אַכטונג אויף סעמעלען”, זאָגט די מאַמע.

„גוט, מאַמע”, זאָגט אסתר. „גיי זיך באָדן.” אסתר איז שוין צען יאָר אַלט, זי איז אַ גרויסע מיידל, און סעמי איז איר קליין ברודערל. ער איז פיר יאָר אַלט. אסתר מאַכט פאַר סעמין אַ הייזעלע פון זאַמד און שפּילט זיך מיט אים.



מיט אַ מאָל פאַלט אַ באַל לעבן אסתרן. זי קוקט זיך אַרום און זעט לילין. וואַרפט זי דעם באַל צוריק צו לילין און לילי וואַרפט ווידער דעם באַל צו אסתרן.

פאַרגעסט אסתר וועגן סעמעלען און הייבט אָן שפּילן אין באַל מיט לילין.

קומט די מאַמע אַרויס פון וואַסער און שרייט צו אסתרן: „וואו איז סעמעלע?"

אסתר קוקט זיך אַרום: סעמעלע איז ניטאָ!

דערשרעקט זיך אסתר און הייבט אָן צו וויינען. „ניטאָ קיין צייט צו וויינען", זאָגט די מאַמע. „לאָמיר גיין זוכן סעמעלען." לויפן זיי אַרום איבער דעם ברעג און זוכן און זוכן, און סעמעלע איז ניטאָ און ניטאָ.

מיט אַ מאָל זעען אסתר און די מאַמע: עס גייט אַ פּאָליסמאַן און סעמעלע זיצט אויף זיין פּלייצע און וויינט.

קענסטו ענדיקן די מעשה?

זומער

עס קומט דער ליבער זומער.
איך דאַרף ניט גיין אין סקול און
אין שול. וואָס איך טו זומער:

1.

2.

3.

# הוידלקע



העכער, העכער, הוידלקע,
באַלד איז שוין דער הימל.
נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל,
ריר איך אָן דעם הימל.

הוידע, הוידע, הוידלקע,
פיסלעך אין דער הויך,
ווייסע, קליינע טייבעלעך,
פליען אין דער הויך.

# די מאַלפּע און דער הונט

אַ מאַן האָט געהאַט אַ מאַלפּע און אַ הונט. האָט ער אויסגעלערנט די מאַלפּע, זי זאָל רייטן אויף דעם הונטס רוקן.

איין מאָל איז די מאַלפּע אַנטלאָפן פון דעם מאַן. איז זי געקומען אין אַ פרעמדער גאַס. דאָרטן איז געווען אַ הונט. זי איז באַלד אַרויף אויף זיין רוקן און געוואָלט רייטן. אָבער דער הונט האָט ניט געוואָלט פירן די מאַלפּע. ער האָט געבילט:

„האַו-האַו, גיי אַראָפּ פון מיין רוקן!"



אַלע קינדער פון דער גאַס האָבן געלאַכט און געלאַכט. זיי האָבן געשריען צו דעם הונט, דען:

„פיר די מאַלפּע, דען, פיר זי...״

דערווייל איז געקומען צולויפן דער מאַן. ער האָט דערזען די מאַלפּע אויף דעם הונט און האָט אויך גענומען לאַכן.

די מאַלפּע איז צוגעלאָפן צו דעם מאַן און ער האָט זי גענומען אויף די הענט. און דער הונט, דען, האָט געבילט:

„נעם זי אַוועק! נעם זי אַוועק!״

## איך קען לייענען העברייאישע ווערטער

אָט זיינען זיי:

| | |
|---|---|
| אַ סך (אַ סאַך) | דירה (דירע) |
| ים (יאַם) | אסתר (עסטער) |
| פּנים (פּאָנעם) | יום־טוב (יאָנטעוו) |
| אמת (עמעס) | חנוכה (כאַנוקע) |
| גנב (גאַנעוו) | פּסח (פּייסאַך) |
| מעשה (מייסע) | שבת (שאַבעס) |
| מעשות (מייסעס) | המן (האָמאָן) |
| מורא (מוירע) | מרדכי (מאָרדכע) |

# מיין לאַנד



אַמעריקע, אַמעריקע,
מיין שיין און פריי לאַנד,
דו ביסט מיין היים, אַמעריקע,
און איך האָב דיך ליב.

דו ביסט, מיין לאַנד, שיין און רייך
מיט טייכן ברייטע, הויכע בערג,
וועלדער, פעלדער, פאַרמס, שטעט
און מענטשן אַלערליי.

אַרבעטער און באַלעבאָס,
סאָלדאַט, מאַרין און מאַטראָס,
פאַרמער, קאַובאָי און מיינער,
אַלע זיינען אַמעריקאַנער.



# אַמעריקע

נעגער, ווייסע און אינדיאַנער,
יידן, רוסן און איטאַליענער,
יענקים, אירישע, שפּאַניער,
אַלע זיינען אַמעריקאַנער.

ווען איך וועל גרויס ווערן,
וועל איך פאָרן ווייט-ווייט,
איבער בערג, איבער טאָלן,
איבער פאַרמס און שטעט.

איך וועל פאָרן קיין וואַשינגטאָן,
און זיין אין ווייסן הויז,
איך וועל זען דעם פּרעזידענט
און זאָגן אים „האַלאָו.“

# צו די לערער

„מיין יידיש בוך, איינס" באַצוועקט לערנען דאָס קינד ניט נאָר לייענען און שרייבן, נאָר — דער עיקר — רעדן יידיש און באַהערשן אַ מינימום וואָקאַבולאַר פון אומגעפער 400 ווערטער.

דאָס בוך איז צונויפגעשטעלט אויף דעם פּרינציפּ פון אַריינפירן דאָס קינד אין יידיש דורך ענגליש. די ערשטע 20 זייטלעך האָבן דערפאַר אַ סך ענגלישע טעקסטן, וועלכע ווערן וואָס אַמאָל וויניקער, ביז שפּעטער קומען בלויז אַריין איינצלנע זאַצן, פראַזן און ווערטער.

די 500 בילדער פון דעם בוך דינען די צוועקן פון וואָקאַבולאַר־בויאונג און שפּראַך־איבונג און זיינען דעריבער אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם לערנען.

דאָס ענגלישע ווערט געניצט ניט פאַר איבערזעצונגען, נאָר ווי אַן אַריינפיר אין יידיש (מיט דעם אויסנאָם פון די זייטלעך 8 און 16, וואָס זיינען „איבערזעצונג־זייטלעך").

די איינשטעלונג פון דעם בוך איז, אַז דאָס קינד דאַרף לערנען דאָס מינדלעכע וואָרט פאַר דעם געדרוקטן און שריפטלעכן (אויף וויפיל עס לאָזט זיך). דערפאַר ווערן די באַגריפן אַריינגעפירט מינדלעך (דורך בילדער און ענגלישע טעקסטן) איידער דאָס קינד קען נאָך לייענען די באַטרעפנדע ווערטער.

צום ביישפּיל, די ווערטער „לייען" און „שרייב" ווערן געגעבן דורך די בילדער אויף זייטל 8; ערשט זייטל 11 פירט אַריין די געדרוקטע ווערטער. די באַגריפן „גיב" און „נעם" ווערן אַריינגעפירט אויף זייטל 16 און חזרן זיך איבער אויף אַנדערע זייטלעך. ערשט אויף זייטל 31 ווערט אַריינגעפירט דאָס געדרוקטע „נעם" און אויף זייטל 44 „גיב און נעם". די באַגריפן „שטיי" און „זיץ" ווערן אַריינגעפירט דורך בילדלעך אויף די זייטלעך 19 און 30 און דורך געדרוקטע ווערטער שפּעטער. דאָס זעלבע וועגן די באַגריפן „עפן און פאַרמאַך" און אַנדערע.

בכלל ווערט דער וואָקאַבולאַר פון דעם קינד געבויט ניט נאָר דורך זאַך־ווערטער, נאָר אויך דורך ווערבן און בינד־ווערטער — באַלד פון אָנהויב, ווייל אָן דעם קען מען ניט לערנען קיין גערעדטע שפּראַך.

דער מעטאָד פון לערנען לייענען און שרייבן איז אין דעם בוך פאָנעטיש, אָבער ניט איינגאַנצן אויסגעהאַלטן. עס איז נויטיק געווען אַריינצופירן פּאַראַלעל אַ צאָל ווערטער, וואָס דאַרפן געניצט ווערן אין דער שול באַלד פון אָנהויב — וויזועל. צום ביישפּיל: „בוך, העפט, בלייער" ווערן אַריינגעפירט אויף זייטל 6. „לייען, שרייב" אויף זייטל 11. די ווערטער, וואָס דאָס קינד דאַרף לערנען וויזועל, ווערן אַ סך מאָל ווידערהאָלט אויף ווייטערדיקע זייטלעך, כדי צו פאַרפעסטיקן ביים קינד די געוואוינהייט זיי צו דערקענען.

עטלעכע לידלעך ווערן צוליב דעם טעקסט אַריינגעפירט פון אָנהויב, און זיי דאַרפן געלערנט ווערן וויזועל.

„מיין יידיש בוך, איינס" איז אַן אַרבעט־בוך. עס זיינען אַריינגעפירט געוואָרן בילדלעך, וואָס דאָס קינד דאַרף אָפּפאַרבן, אָדער אין זיי עפּעס אַריינמאָלן, לויט די אינסטרוקציעס אין טעקסט. די גרעסטע צאָל געשריבענע טעקסטן לאָזן איבער פּלאַץ, דאָס קינד זאָל קענען אַריינשרייבן אין בוך די נייע אותיות און ווערטער.

אין אַנדערע געשריבענע טעקסטן ווערט איבערגעלאָזן פּלאַץ פאַר שריפטלעכע ענטפערס אָדער אַנדערע אַרבעטן. אין אַ צאָל געשריבענע טעקסטן ווערן געגעבן בילדלעך צו וועלכע דאָס קינד דאַרף צושרייבן דאָס באַטרעפנדע וואָרט.

די בילדער־איבונגען און אַנדערע אַרבעטן זיינען פון דעם סאָרט, וואָס איז גוט באַקאַנט צו יעדן לערער: מען דאַרף צופּאַסן אַ וואָרט צו אַ זאַץ אָדער אַ בילד, צושרייבן „יאָ" אָדער „ניין", צי אַנדערע אָנגעגעבענע ווערטער

די „לייען און טו" איבונגען זיינען אַן אָנהויב פון צוגעוואוינען דאָס קינד צום שטילן לייענען. זיי זיינען אַלע נומערירט און דער לערער רופט אַרויס אַ שילער דורכצופירן, וואָס די אַרבעט אונטער דעם געוויסן נומער הייסט טאָן.

די טעמאַטיק פון דעם בוך אַנטהאַלט פאָלגנדע באַגריפן: קינדער־לעבן און שפּיל, שול און היים, געגנשטאַנדן אין טאָג־טעגלעכן לעבן, שול, קליידונג, שפּייז, קאָלירן, צאָל־ און צייט־באַגריפן, דער מענטש, זיין קערפּער און חושים; בעל־מלאכות, שטאָט, דאָרף, לאַנד, אַמעריקע.

די צוזאַמענשטעלערין פון דעם בוך דריקט אויס איר דאַנק צו דער נאַציאָנאַלער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע פון די אָרדן־שולן און דעם קולטור־דירעקטאָר פון אָרדן פאַר קאָנסטרוקטיווע אָנווייזונגען; דעם קינסטלער מאָריס פּאַס, פאַר די צייכענונגען און אילוסטראַציעס; שוינדל ביילין־קאָהען, פאַר דער אומגעהויער גרויסער און שווערער טעכנישער אַרבעט ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.

ד. ט.

# װעגן דעם נײַעם ייִדיש בוך אײנס

ייִדיש בוך אײנס איז דאָס ערשטע פֿון אַ פֿולן גאַנג נײַע טעקסט-ביכער פֿאַר דער עלעמענטאַר-שול װאָס די קינדער-שולן פֿון דעם ייִדישן פּראָגרעסיװן פֿאָלקס-אָרדן הײבן אָן אַרױסצוגעבן. די טעקסט-ביכער װעלן זיך אונטערשײדן פֿון די פֿריערדיקע ביכער מיט דעם, װאָס זײ װעלן באַװאוסטזיניק האַלטן אין אױג דעם נײַעם תּלמיד — דאָס ייִדיש-אַמעריקאַנער קינד װאָס קומט פֿון אַ ייִדיש-אַמעריקאַנער הײם, װוּ די אומגאַנג-שפּראַך איז ענגליש. די ביכער װעלן דעריבער לײגן דעם הױפּט-געװיכט אױף דעם גערעדטן װאָרט און צילן אױסצולערנען דאָס קינד ניט בלױז די מעכאַניק פֿון לײענען און שרײַבן, נאָר דער עיקר, קאָנען זיך באַװעגן און אױסדריקן אין דער שפּראַך. דער שפּראַך-אוצר פֿון די ביכער װעט נאַטירלעכערװײַז מוזן זײַן באַגרענעצט, אַזױ אַז דאָס קינד װעט אים קאָנען אױפֿנעמען און פֿאַראײגענען. טעמאַטיש און אין גײסט װעלן די ביכער צילן צו זײַן נאָענט צום לעבן פֿון לאַנד און פֿון דער סבֿיבֿה פֿון דער ייִדישער אַמעריקע.

נאַציאָנאַלע שול-קאָמיסיע,
ייִדישער פּראָגרעסיװער פֿאָלקס-אָרדן

---

# אינהאַלט: